מאסנ-ביבליאָטעק



דזשעק לאָנדאָנ

# פארשטרייקט



№ 70

פארלאג „עמעס“ מאָסקווע 1937

דזשעק לאָנדאָן

# פארשטרײַקט



פארלאג „עמעס", מאָסקווע 1937

— וועסט ניט אויפשטיין, דזשאַני, וועסטו ניט קריגן צום עסן.

די דראָזשקע דראָונג האָט אויפן יינגל קיין ווירקונג ניט געהאַט. ער איז זיך ווײַטער געשלאָפן און אויך מיט אַזאַ אַקשאָנעס ניט געוואָלט זיך מיטן שלאָף שיידן, ווי אַ טרוימער מיט זײַן טרוים. דעם יינגלס הענט האָבן זיך אומבאַוווּסטזיניק אין פויסטן געבײַלט און ער האָט קראַמפּהאַפט מיט זיי אין דער לופט באַוועגט. די דראָזשקע קלעפּ זײַנען געווען באַשטימט פאַר דער מוטער, נאָר זי איז געווינט געווען דערצו, און ווען זי האָט געשיקט די קלעפּ אויסגעמיטן, האָט זי ווײַטער דאָס יינגל שטאַרק פאַר דער פּלייצע געטרייסלט.

— לאָז מיך צורו!

דאָס איז געווען אַ קרעכצנדיקער געשריי פון שלאָף, וואָס האָט זיך שנעל געשטאַרקט און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווילדן יאָמער, און דאָס איז ער גלײַך שטיל געוואָרן און איבערגעגאַנגען אין אַן אויסגעצויגענעם קרעכץ. דאָס איז געווען אַ קרעכץ פון אַ כײַע, פול מיט ווייטיק און פּראָטעסט, אַ קרעכץ פון אַ כײַע, וואָס ווערט געפּײַניקט.

נאָר זי האָט דערווײַל קיין אכט ניט געלייגט, זי איז גע=
ווען א פרוי מיט א מוטיקן אויסדרוק אין די אויגן, מיט
אַן אויסגעמאַטערט געזיכט, און די לעצטע האָט זי קלאָר
ניט געוואונדערט, ווייל זי האָט זיך מאַנטעגלעך איבער=
געכאַזערט. זי האָט אָנגעהויבן אראָפּצושלעפּן פון איט די
קאָלדרע, כאָטש דאָס יינגל האָט אויפגעהערט צו מאכן מיט
די הענט, זיך פארצווייפלט אָן דער קאָלדרע אָנגעכאַפּט,
און, אינגאַנצן צונויפגעדרייט באַם צופוסנס פון בעט, איז
ער נאָך אַלץ געבליבן צוגעדעקט. דאַן האָט זי גענומען
דעם מאַטראַץ אָפּ דער ערד אראָפּשלעפּן. דאָס יינגל האָט
ניט געלאָזט. זי האָט איצט גאַנצע קרעפטן אָנגעשטרענגט. זי
איז טרויעריק געווען, און דאָס יינגל מיטן מאַטראַץ האָבן
געמוזט נאָכגעבן, דאָס יינגל האָט זיך אינטשינקעיז געלאָזט
נאָכן מאַטראַץ, קעדיי זיך צו באַהאַלטן פון דער קעלט,
וואָס האָט זיך אין צימער געשפּירט און וואָס האָט זײַן
הערבער ארומגעכאַפּט.

בעשאַס ער האָט זיך אָפּן ראַנד פון בעט אראָפּגע=
קייקלט, האָט זיך געדוכט, אז ער מוז מיטן קאָפּ צו דער ערד
פאַלן; נאָר די פאַרשטייענדיקע געפאַר האָט-אין איט דער=
ווײַטנס דעם באַוווסטזײַן. ער האָט זיך אויפגעהויבן, א מינוט
פאַרבליבן אין אַזאַ לאַגע, ווי ער וואָלט זיך מעיאשעו גע=
ווען, און דאַן האָט ער אראָפּגעלאָזן די פיס אויף דער ערד.
אין דער זעלבער מינוט האָט איט די מאַמע פאַר דער
פלייצע אָנגעכאַפּט און שטאַרק א טרייסל געטאָן. ער האָט

ווידער צוזאַמענגעפּרעסט די פויסטן, דאָס מאָל שוין שטאַר־
קער און מיט אן אויסדרוק, וואָס האָט קלאָר געזאָגט, אַז
ער וויל א קלאַפּ טאָן. גלייכצייטיק האָט ער די אויגן גע־
עפנט. די מאַמע האָט אים אויפגעהערט טרייסלען. ער האָט
זיך אויפגעכאַפּט.

— איך שטיי אויף, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט א נעם געטאָן דעם לאָמפּ, אײַליק פון צימער
ארויס און אים אין דער פינצטער געלאָזט.

— שנעלער, — האָט זי דערמאָנט.

ער האָט אין דער פינצטערניש קיין אכט ניט געלייגט
און זיך גענומען אָנטאָן. ווען ער האָט זיך אָנגעטאָן, איז
ער ארויס אין קיך. ער האָט געהאַט א שווערן טראָט, כאָטש
ער איז געווען אזא מאָגער און לײַכט יינגל. זײַנע פיס
האָבן זיך געשלעפּט פון זייער אייגענער שווערקייט, און
דאָס האָט אויסגעזען מערקווירדיק, ווײַל זײַנע פיס זײַנען
געווען אזוי מאָגער. ער האָט צוגערוקט צום טיש א שטול
מיט א דורכגעלעכערטן געזעס.

— ראָשאָני! — האָט די מאַמע שאַרף אויף אים א גע־
שריי געטאָן.

ער האָט זיך האַסטיק פון שטול אויפגעהויבן און אָן
איינציקן וואָרט צוגעגאַנגען צום קראַן. דאָס איז געווען
א שמוציקער מעסינגער קראַן. פון זליוו האָט געשלאָגן א
שלעכטער ריח. ער האָט דערויף קיין אכט ניט געלייגט.

פאר אים איז עס גאנצ געוויינלעכ געווענ, וואס פונ זליוו האט געשמעקענ, ווי עס איז אויכ געווענ גאנצ געוויינלעכ, וואס די זייפ איז געווענ מיט שמוצ באדעקט אונ זיכ מער ניט געזייפט. ער האט שוינ אפילע גארניט געפרוווט אנזייפנ, נאר האט זיכ באנוגנט הערמיט, וואס ער האט זיכ אפגעשווענקט מיט קאלט וואסער. די צייג האט ער ניט געפוצט, פאשעט ווייל ער האט קיינמאל קיינ צייג־בערשטל ניט געזענ אונ ניט געוווסט, אז אפ דער וועלט לעבנ אזעלכע מענטשנ, וואס פארלירנ צייט אפ אזעלכע נארישקייטנ, ווי צייג פוצנ.

— וואלסט זיכ כאטש איינ מאל אלייג דערמאנט, אז מע דארפ זיכ וואשנ, — האט אים די מאמע אויסגע־רעדט.

זי האט אראפגענומענ פונ קעסעלע דאס צעבראכענע דעקל אונ אנגעגאסנ צווי מעפעלעכ קאווע. דזשאני האט דער מוטער קיינ האכ ניט געענטפערט, — דערפונ וואלט צווישנ זיי ארויסגעקומענ א קריג, ווייל דאס וואשנ זיכ איז געווענ דאס איינציקע, אפ וואס זיינ מוטער איז פעסט באשטאנענ. ער האט זיכ אפגעווישט מיט א נאסנ, שמו־ציקנ, צעריסענעמ האנטעכ, פונ וועלכנ עס זיינענ פאר־בליבנ פעדעמ כא אימ אפנ פאנעמ.

— אוי, ווי איכ וואלט וועלנ, מיר זאלנ ניט וווינענ אזוי ווייט, — האט זי געזאגט, ווענ ער האט זיכ געזעצט. — איכ טו אלצ, וואס איכ קאנ, דאס ווייסטו. נאר יעדער אי־

בעריקער דאָלאַר איז פאַר אונדז אַ גרויסע זאַך, און אויסער דעם, איז אונדז דאָ גערוימער. פאַרשטייסט?

ער האָט זי קימאַט ניט געהערט. שוין אַזוי פיל מאָל האָט ער געהערט דאָס זעלבע. איר געדאַנקען־קרײַז איז געווען ניט גרויס און אירע געדאַנקען האָבן זיך שטענדיק געדרייט אַרום דעם, וואָס זיי וווינען אַזוי ווײַט פון די פאַבריקן.

— אַז מע שפּאָרט אָפּ נאָך אַ דאָלאַר קאָן מען קויפן מער צו עסן, — האָט ער באַלערנדיק באַמערקט. — איך בין גרייט בעסער ווײַטער צו גיין, אַבי קריגן וואָס מער צו עסן.

ער האָט אײַליק געגעסן דאָס ברויט, פאַרטרונקען מיט קאַווע און אַראָפּגעשלונגען קימאַט ניט קיין צעקײַטע שטיקער. די הייסע, ביטערע פליסיקײַט, וואָס ער האָט געטרונקען, האָט מען גערופן קאַווע. און דזשאָני האָט געגלייבט, אַז דאָס איז קאַווע, און טאַקע וווילע קאַווע. דאָס איז געווען איינע פון יענע קנאַפּע לעבנס־אילוזיעס, וואָס זײַנען אים נאָך פאַרבליבן. קיין עכטע קאַווע האָט ער קיינמאָל ניט געטרונקען.

אַלס צוגאָב צום ברויט האָט ער געקראָגן אַ קליין שטיקל קאַלט כאַזער־פלייש. די מוטער האָט אים ווידער אָנגעגאָסן אַ טעפּעלע קאַווע. אָפּגעגעסן דאָס ברויט, האָט דזשאָני אָנגעשטעלט אַף דער מוטער אַ פרעגנדיקן בליק, ווי ער וואָלט געפרעגט, וואָס וועט ווײַטער זײַן. די מאַמע האָט עס גלײַך באַמערקט.

— גוט, זײַ שױן נישט באַזאָרגט, דושאָני, — האָט זי געזאָגט, — דײַן כײַלעק האָסטו שױן באַקומען, דײַנע ברידער און שװעסטער זײַנען קלענער פֿאַר דיר.

ער האָט נאָרנישט געענטפֿערט אױף דעם דאָזיקן פֿאַרװוּרף. ער האָט נישט ליב געהאַט אַ סך צו רײדן. ער האָט זיך קײנמאָל נישט געקלאָגט און זיך אױסגעצײכנט מיט אַ געדולד, װאָס איז געװען אַזױ שרעקלעך, װי יענע שטיל, אין װעלכער ער האָט זיך אײַנגעלערנט געדולדיק צו זײַן. ער האָט אױסגעטרונקען זײַן קאַװע, אױסגעװישט דאָס מױל מיט דער האַנט און געװאָלט אױפֿשטײן.

— װאַרט אַ װײַלע, — האָט זי אײַליק געזאָגט, — מיר דוכט, מע קאָן אָפּשנײַדן נאָך אַ פּענעץ ברױט, אַ גאַנץ דינעם.

דאָס איז געװען אַ קלײן שפּיצל פֿון איר זײַט. זי האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, װי זי װאָלט שנײַדן ברױט, אָבער אינדערעמעטן האָט זי אײַנגעװיקלט דאָס ברױט און דאָס שטיקל צוריק אין קױש אַרײַן און אים געגעבן אײנעם פֿון די צװײ שטיקלעך, װאָס זי האָט געהאַט אָפּגעשניטן פֿאַר זיך. זי האָט געמײנט, אַז זי האָט אים אָפּגענאַרט, נאָר ער האָט באַמערקט דעם קונץ. אָבער ער האָט אָן געװיסנבײס דאָס ברױט צוגענומען. ער האָט פֿילאָסאָפֿיש געטראַכט, אַז זײַן מאַמע, װאָס לײַדט פֿון אַ כראָנישער קראַנקהײט, קאָן נישט האָבן אַזאַ אַפּעטיט װי אַנדערע.

דערזען, אַז ער קײַט טרוקן ברױט, איז זי צוגעגאַנגען צו אים און איבערגעגאָסן פֿון איר טעפּעלע אין זײַנס.

— עפעס איז היינט בא מיר דער מאָגנ ניט אינ אָר־דענונג, — האָט זי באמערקט.

א לאנגער אויסגעצויגענער פייפ, וואָס האָט זיכ געט־ראָגנ פונ דערווייטנ, האָט זיי ביידנ געצוואונגענ אויפצושטיינ. זי האָט א קוק געטאָנ אויפ בלעכענעמ וועקזייגער, וואָס איז געשטאנענ אויפ דער פּאָליצע. די ווייזער האָבנ געוויזנ האלב זעקס. דער גאנצער פאבריק־אוילעמ האָט זיכ שוינ פונ שלאָפ אויפגעכאפּט. זי האָט ארופגעוואָרפנ אויפ די אקסלענ א טיכ אונ אויפנ קאָפּ אָנגעטאָנ א מינקענעמ פארמלאָזנ אלטנ הוט.

— מע מוז לויפנ, — האָט זי געזאָגט, אראָפּגעדרייט דעמ לאָמפּ אונ פארלאָשנ דאָס פייער אונטער דער פּליטע.

טאפנדיק אינ דער פינצטער, זיינענ זיי אראָפּ פונ די טרעפּ אונ ארויס פונ שטיב. אינ דרויסנ איז געווענ קלאָר אונ קאלט, אונ דזשאָני האָט א ציטער געטאָנ בא דער ער־שטער באַרירונג מיט דער פרישער לופט. די שטערנ אינ הימל האָבנ נאָכ ניט אָנגעהויבנ בלייכנ, אונ די גאנצע שטאָט איז געווענ איינגעהילט אינ נאכט־פינצטערניש. גייענדיק, האָבנ ביידע, דזשאָני אונ זיינ מוטער, געשלעפּט די פיס. די פיס־מוסקולנ האָבנ ניט געפילט דעמ שטאָלצנ ווינטש צו הייבנ די פיס אונ האָבנ זיי איבער דער ערד געצויגנ.

אָפּגעגאנגענ פופצנ מינוט שווייגנדיק, האָט זיכ די מאמע פארקערעוועט אויפ רעכטס.

— פארשפּעטיק ניט, — האָט זי אימ צומ לעצטנ

מאָל אָנגעזאָגט פונ דער פינצטערניש ארויס, וואָס האָט זי איינגעשלונגענ.

ער האָט גאָרניט געענטפערט אונ איז ווייטער זיינ וועג געגאַנגענ. אינ פאַבריק־ראַיאָנ זיינענ די טויערנ אומעטומ געווענ אָפנ, אונ באַלד האָט ער זיכ אויסגעמישט מיט דער מאַסע, וואָס האָט איילנדיק געשפּאַנט אינ דער פינצטערניש. ווענ ער איז צוגעקומענ צו דער טיר פונ פאַבריק, האָט זיכ ווידער דערהערט א פייפ. ער האָט א קוק געטאָנ אפ מיזרעכ. אפנ האָריזאָנט, איבער די [illegible] פונ די געביידעס, וואָס האָבנ זיכ אפנ הימל אויסגעמאָלט, האָט אָנגעהויבנ שימערנ א בלאַסלעכע שיינ. בלויז אינ דער מיטנט מאַכע פלעגט ער זענ דעמ טאָג אונ פלעגט באַלד אוועקגיינ פונ אימ אונ זיכ אויסמישנ מיט דער ארבעטער־מאַסע.

ער האָט פאַרנומענ זיינ פּלאַץ אינ איינער פונ די פיל לאַנגע רייענ בײַ די מאַשינעס. פאַר אימ, איבער א קאַסטנ, אָנגעפילט מיט קליינע שפּולקעס, האָבנ זיכ שנעל געדרייט גרויסע שפּולנ. אפ זיי האָט ער ארויפגעוויקלט דינע פעדעמ פונ די קליינע שפּולקעס. די ארבעט איז געווענ איינפאַכ. אַלצ, וואָס מע האָט געפאָדערט פונ אימ, איז געווענ שנעלקייט. די קליינע שפּולקעס האָבנ זיכ אזוי שנעל אראָפּגעוויקלט, אונ ס'איז געווענ אזוי פיל גרויסע שפּולנ, אפ וועלכע די פעדעמ האָבנ זיכ ארויפגעוויקלט, אַז ער האָט קיינ איינ פרייע מינוט ניט געהאַט.

ער האָט געאַרבעט מעכאַניש. ווענ א קליינע שפּולקע

האָט זיך אַראָפּגעוויקלט, האָט ער מיט דער לינקער האַנט, ווי מיט אַ הייב־שטאַנג, אָפּגעשטעלט דעם גרויסן שפּיל און גלײַכצײַטיק מיטן גרויסן און צייג־פינגער אונטערגע־כאַפּט דעם אַנטלאָפענעם עק פאָדעם. אין דער זעלבער צײַט האָט ער מיט דער רעכטער האַנט געכאַפּט דעם פרײַען עק פאָדעם פון דער קליינער שפּולקע. די דאָ־זיקע קאָמפּליצירטע אַרבעטן זײַנען דורך ביידע הענט שנעל אויסגעפירט געוואָרן איינע נאָך דער אַנדע־רער. ווי בליצן האָבן זײַנע פינגער געגלאַנצט, בע־שאַס ער האָט די פעדעם פאַרבונדן אין אַ קניפּל און אַ לאָז געטאָן די שפּולקע. ס'איז ניט געווען קיין שווע־רערע זאַך, ווי דאָס מאַכן אָט די קניפּלעך. ער האָט זיך איינמאָל באַרימט, אַז ער וואָלט זיי אין שלאָף געקאָנט פאַרקניפּן. און דעריבער האָט זיך אים מיילמאָל גע־דאַכט, אַז זײַן לעבן איז ענלעך צו אַן אומענדלעכן לאַנגן שלאָף און אין שלאָף פאַרקניפּט ער די עקן פון די פעדעם.

איניקע ייִנגלעך האָבן געפּאַלעשעוועט, און די מאַשין האָט בײַ זיי אַ לאַנגע צײַט ניט געאַרבעט, ווײַל זיי האָבן ניט אומגעביטן די אַראָפּגעוואַלגערטע קליינע שפּולקעס אַף נײַע. בײַ אַזעלכע קינדער איז געשטאַנען אַ ספּעציעלער איבערזעער—אַכטונג צו געבן אַף זיי. ער האָט איינמאָל דרושאָ־נים אַ שאָכן געכאַפּט בײַ זײַן שפּיצל און אים די אויערן אָנגעריסן.

— דו טו א קוק אף דזשאַנין; פאַרוואָס אַרבעטסטו ניט ווי ער?! — האָט דער צעבייזערטער אָפּזעער געפרעגט.

בײַ דזשאַנין האָבן זיך די שפּילקעס געדרייט מיט דער שנעלקייט פון א שטורעמווינט, אָבער עס האָט אים קלאָר ניט גערירט די האָזיקע ליב. ס'איז געווען א צײַט... אָבער דאָס איז געווען לאַנג, זייער לאַנג צוריק. זײַן אַפּאַטיש גע-זיכט האָט גאָרניט אויסגעדריקט, בעשאַס ער האָט געהערט, אַז מע שטעלט אים אַלס מוסטער. ער איז געווען א מוס-טערהאַפטער אַרבעטער. דאָס האָט ער געוווּסט. מע האָט עס אים אַזוי אָפט געזאָגט. דאָס איז געוואָרן א געוויינהייט, און איבער דעם האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס קאָן אים קיין באַזונדערע נוצן ניט ברענגען. דער מוסטערהאַפטער אַרבעטער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א מוסטערהאַפטער מאַשין. ווען די אַרבעט פלעגט בײַ אים גיין ניט גוט, פלעגט עס טרעפן צוליב דער זעלבער סיבע ווי בײַ א מאַ-שין—צוליב שלעכטן מאַטעריאַל: עס איז אַזוי אוממעגלעך געווען, אַז ער זאָל באַגיין א פעלער, פונקט ווי ס'איז אוממעגלעך, אַז א מישוועקעס-מאַשין, בעשאַס זי איז אין אָרדענונג, זאָל אַרויסלאָזן א שלעכטן טישוואָך.

און דערין איז קיין ווונדער ניט געווען. ער האָט שטענ-דיק, זײַן גאַנץ לעבן, געהאַט צו טאָן מיט מאַשינעס. די מאַשינעס זײַנען געווען קימאַט זײַנע פרײַנט און יעדנפאַלס איז ער אויפגעוואַקסן און זיך דערצויגן צווישן זיי.

מיט צוועלף יאָר צוריק האָט אין דער זעלבער פאַב-

ריק, אינ דער וועב-אָפּטיילונג, פּאַסירט א געשעעניש, וואָס האָט דערוועקט א געוויסע אויפרעגונג. דזשאָנים מאַמענ איז ניט גוט געוואָרנ, מע האָט זי אוועקגעלייגט אפ דער ערד, צווישנ די דזשענדיקע מאַשינעס. צוויי עלטערע פרויענ האָבנ געמוזט פאַרלאָזנ זייערע ווארשטאַטנ אונ צוגיינ צו איר. דערביי איז אויכ געווענ דער אויפזעער. אינ עטלעכע מינוט ארום האָט זיכ אינ דער וועב-אָפּטיילונג געפונענ מיט איינ באַשעפעניש מער, וויפל עס זיינענ איידערפרי אהינ געקומענ. דאָס איז געווענ דזשאָני, וואָס איז געבוירנ געוואָרנ אונטער דרויש אונ קלאַפּערנ פונ די וועב-מאַשי-נעס, אונ אינ דער ערשטער סעקונדע, ווי נאָר ער האָט זיכ אפ דער וועלט באַוויזנ, האָט ער שוינ איינגעאָטעמט אינ זיכ די וואַרעמע פייכטע לופט, וואָס איז אָנגעפילט מיט דעם ארומפליענדיקנ שטויב. ער האָט גלייכ אָנגעהויבנ הוסטנ, כדי צו באַפרייענ זיינע לונגענ פונ דעם דאָזיקנ שטויב, אונ דעריבער טאַקע הוסט ער עס ביז היינטיקנ טאָג.

דאָס יינגל, וואָס האָט לעבנ דזשאָנינ געאַרבעט, האָט געכליפּעט אונ שווער געאָטעמט. זיינ פּאָנעם האָט אויס-געדריקט פּיינ צום אויפזעער, וואָס האָט פונ אים זיינ בייזנ בליק ניט אראָפּגענומענ; דערפאַר אָבער האָבנ זיכ די שפּולקעס אראָפּגעוויקלט אינ אָרדענונג. דאָס יינגל האָט געשאָלטנ מיט שרעקלעכע קללות די שפּולקעס, וואָס האָבנ זיכ פאַר אים געדרייט, אָבער דער קלאַנג פונ זיינ

שטים איז ביז צום איפֿזעער ניט דערגאַנגען, ווײַל ער
איז געשטאַנען זעקס פֿיס פֿון דער מאַשין, וואָס האָט אים
פֿאַרשטעלט ווי אַ וואַנט.

אויף דעם אַלעמען האָט דזשאָני קיין אַכט ניט געלייגט. ער האָט געהאַט זײַנע אייגענע מיינונג וועגן אַזעלכע זאַכן. דערצו נאָך האָט זיך האָט אַלץ אָפֿט איבערגעכאַזערט און געוואָרן אַ געוויינלעכע דערשײַנונג, און ער איז פֿיל מאָל געווען אַן איידעס פֿון אַזעלכע צופֿאַלן. אים האָט זיך אויס-געוויזן פֿונקט אַזוי אומגליקלעך זיך קעגנצושטעלן דעם אויפֿ-זעער, ווי צו פֿאַרהאַלטן די פֿאָדערונגען פֿון דער מאַשין. די מאַשין איז געמאַכט געוואָרן, קעדיי צו ווירקן אויף אַ געוויסן אופֿן און דערמיט איבערפֿירן אַ געוויסע אַרבעט. דער איפֿזעער — דאָסגלײַכן.

אַלץ דעם ווייגער האָט זיך אין דעם וועב-צעך פֿלוצ-לינג אַלץ אַ הוידער געטאָן. די סיבע פֿון דער דאָזיקער אויפֿ-רעגונג האָט זיך ניט געוואָרפֿן אין די אויגן און דאָס איז די איבעריקע אויגנבליקלעכע אַרײַנגעדרונגענע אומעטום. דאָס אייגנפּיסיקע יינגל, וואָס האָט געאַרבעט פֿון דזשאָנים צווייטער זײַט, איז מאָמענטאַל פֿאַרשוווּנדן, ווי ער וואָלט אײַנגעזונקען אין דעם לײַדיקן וועגעלע פֿאַר די שפּולקעס. ער איז פֿאַרשוווּנדן אין אים צוזאַמען מיט זײַן קוילע. עס איז אַרײַנגעקומען דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער פֿאַבריק און מיט אים אַ יונגערמאַן. ער איז געווען שיין געקליידט און געטראָגן שטײַפֿע וועש — אַ דזשענטלמען, לויט דעם ווי

דזשאַני האָט אײַנגעטײלט מענטשנ, און גלײַכצײַטיק „אינ=
ספעקטאָר“.

ער האָט שאַרפ געקוקט אַפ די יונגלעכ, ביימ ער איז פאַרבײַגעגאַנגענ פאַרבײַ זײ. טײלמאָל האָט ער זיכ אָפּגע=שטעלט און געשטעלט פראַגנ. ווענ ער האָט געשטעלט פראַגנ, האָט ער געמײנט שרײַענ מיטנ גאַנצנ קויעכ, און דערבײַ האָט זיכ זײַנ געזיכט לעבעדיק אײַנגעצויגנ פונ דער אָנשטרענגונג צו רײדנ אַזױ, מע זאָל אימ הערנ. זײַנ שנעלער בליק האָט באַמערקט דעמ לײדיקנ פלאַץ לעבנ דזשאָנינ, נאָר ער האָט גאָרניט געזאָגט, דזשאָני האָט אױכ ציגעצויגנ זײַנ אויפמערקזאַמקײט און ער האָט זיכ פּלוצלינג אָפּגעשטעלט. ער האָט אָנגענומענ דזשאָנינ פאַר א האַנט און אימ אָפּגעשילעפט אַפ אײנ טריט פונ דער מאַשינ. דאָנ האָט ער א פאַרווונדערטער גלײַכ אָפּגעלאָזט זײַנ האַנט.

— רעכט מאָגער מאַקע, — האָט דער פאַרוואַלטער געזאָגט מיט א שמײכל.

— ווי א שטעקעלע, — איז געווענ דער ענטפער. — מיט נאָר א קוק אַפ זײַנע פיס. דאָס יונגל האָט רעוומאַ=טיזמ — כאָטש אינ אָנהויב, אָבער דאָכ שוינ קראַנק. אויב ער וועט סאָפּקאָלסאָפּ ניט ווערנ קײנ עפּילעפּטיקער, איז נאָר דערפאַר, ווײַל נאָכ פריער וועט זיכ בא אימ אַנטוויקלענ שווינדזוכט.

דזשאָני האָט געהערט, אָבער ניט פאַרשטאַנענ. די ציקינפּטיקע אָנפאַלנ האָבנ אימ אַבסאָליוט ניט אינטערע=

פירט. גענארט האָט אים דער אָנפאל, וואָס האָט אים אינ
דער מינוט געדראָעט פונ אינספעקטאָרס זײַט.

— הער אויס, יינגל, נאָר איכ וואָלט וועלנ, זאָלסט
מיר זאָגנ דעם עמעס, — האָט דער אינספעקטאָר געזאָגט
אָדער געשריִענ, אײַנגעבויגנ צום יינגלס–אויער, קעדיי יע-
נער זאָל אים הערנ. — ווי אַלט ביסטו?

— פערצנ, — האָט דזשאָני געזאָגט א ליגנ מיט דער
גאַנצער קראַפט פונ זײַנע לונגענ. ער האָט געזאָגט דעמ
ליגנ אזוי הויכ, אז עס האָט זיכ באַ אים ארויסגעריסנ א
טרוקענער, איבערגעריסענער הוסט, וואָס האָט אויפגעהויבנ
דעם גאַנצנ שטויב, וועלכער האָט זיכ יערנ פרימאָרגנ אינ
זײַנע לונגענ אָפּגעלייגט.

— אינ איסויענ זעט ער אויס ווייניקסטנ אפ זעכצנ, —
האָט דער פאַרוואַלטער באַמערקט.

— אָדער זעכציק, — האָט דער אינספעקטאָר אונטער-
געכאַפּט.

— ער האָט שטענדיק אזוי אויסגעזענ.

— פונ ווענ אָנ? — האָט דער אינספעקטאָר האַסטיק
געפרעגט.

— פיר יאָר. אונ ער האָט קיינמאָל ניט אויסגעזענ
כאָטש עטוואָס עלטער.

— אָדער יונגער, וועל איכ זיכ דערלויבנ צו באַ-
מערקנ. געוויס האָט ער די אַלע יאָרנ געארבעט דאָ?

— טיילמאָל געארבעט, טיילמאָל אוועקגעגאַנגענ, נאָר

דאָס איז געווענ פריִער, ווי דער נייער געזעצ איז אָנגענו-מענ געוואָרנ, — האָט דער פאַרוואַלטער געוואָלט צו-געבנ.

— די מאַשינ אַרבעט ניט? — האָט דער אינספעקטאָר געפרעגט אונ אָנגעוויזנ אַפ דער ניט פאַרנומענער מאַשינ לעבנ דזשאָני, וווּ די געלאָזענע שפּילקעס האָבנ זיכ גע-דרייט, ווי משוגענע.

— וואָס איז דאָס? — דער פאַרוואַלטער האָט צעגע-רופנ דעמ איפזעער, אימ א געשריי געטאָנ אינ אויער אַרײַנ אונ אָנגעוויזנ אַפ דער מאַשינ. — די מאַשינ אַרבעט ניט. — האָט ער געמאָלדנ דעמ אינספעקטאָר.

זיי זײַנענ אַוועק ווײַטער, אונ דזשאָני האָט זיכ אָנגע-קערט צו זײַנ אַרבעט, צופרידנ, וואָס די געפאַר איז פאַרבײַ. אָבער דאָס ייִנגל מיטנ אייניציקנ פינ איז ניט געווענ אַזוי גליקלעכ. דעמ אינספעקטאָרס שאַרפ אויג האָט אימ פאַרט דערזענ. דעמ ייִנגלס ליפּנ האָבנ געציטערט, אונ דאָס פּאָנעמ האָט געהאַט אַזא אויסדרוק, ווי בא א מענטשנ, וואָס מיט אימ האָט פּאַסירט א טיפער, גרויסער אומגליק. דער איפזעער האָט אויסגעדריקט פאַרוווּנדערונג, ווי ער וואָלט דאָס ייִנגל צומ ערשטנ מאָל דערזענ, בײַמ דעמ פאַרוואַלטערס געזיכט האָט אויסגעדריקט פאַרדרוס אונ אומצופרידנקייט.

— איכ קענ אימ, — האָט דער אינספעקטאָר גע-זאָגט. — ער איז אַלט צוועלפ יאָר. אונ פאַרלויפ פונ איינ



89—2

יאָר האָב איך אים שוין פֿון דרײַ פֿאַבריקן באַפֿרײַט. דאָס איז שוין די פֿערטע.

ער האָט זיך געווענדט צום איינפֿיסיקן ייִנגל:

— דו האָסט מיר געגעבן אַן ערנוואָרט, אַז דו וועסט גיין אין שול.

דאָס איינפֿיסיקע ייִנגל האָט זיך צעוויינט.

— האָט ראַכמאָנעס, הער אינספּעקטאָר, בײַ אונדז זײַנען געשטאָרבן צוויי קינדער, און מיר זײַנען שרעקלעך אָרעם.

— און פֿאַרוואָס הוסטו אַזוי? — האָט דער אינספּעקטאָר געפֿרעגט, ווי באַשולדיקנדיק אים אין אַ פֿאַרברעכן.

און דאָס איינפֿיסיקע ייִנגל, ווי סע וואָלט זײַן אומשולד געוואָלט באַווײַזן, האָט געענטפֿערט:

— דאָס איז גאָרנישט, איך האָב מיך יענע וואָך פֿאַרקילט, הער אינספּעקטאָר, ווײַטער גאָרנישט.

פּאַקאַלבאַס איז דאָס איינפֿיסיקע ייִנגל אַרויס פֿון וועבשטיבל צוזאַמען מיטן אינספּעקטאָר, און דער באַגלייטונג פֿונעם באַמרויקטן און פֿאַרשעמטדיקן פֿאַרוואַלטער. און דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די מאָנאָטאָנע אַרבעט.

עס איז פֿאַרבײַ דער לאַנגער פֿרימאָרגן און דער נאָך לענגערער נאָכמיטאָג. און די מידע האָט אויסגעפּײַניקט דעם כאַפּ פֿון אַרבעטטאָג. ס'איז שוין געווען פֿאַרנאַכט, ווען דזשאָני האָט זיך אומגעקערט פֿון דער פֿאַבריק. די

פאַרגייענדיקע זון האָט באַגילדעט דעם הימל און געשיקט דער וועלט אירע לעצטע וואַרעמע שטראַלן. ענדלעך איז זי פאַרשוווּנדן אין מײַרעוו־זײַט הינטער דער ראָזער ליניע אפן בלויען הימל, וואָס איז געווען איבערגעשניטן מיט די העכער פון די הײַזער.

צום אָוונטברויט האָט זיך פאַרזאַמלט די גאַנצע פאַ־מיליע — אין מיטן פון טאָג איז דאָס געווען די איינ־ציקע צײַט, ווען דזשאָני האָט זיך באַגעגנט מיט זײַנע יינגערע ברידער און שוועסטער. פאַר אים האָט דאָס גע־טראָגן דעם כאַראַקטער פון א באַגעגעניש, ווײַל ער איז געווען זייער אַלט, בעת זיי זענען נאָך געווען שרעקלעך יונג. ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן זייער הוישיקע און פרײלעכע יוגנט. ער האָט זיי ניט פאַרשטאַנען. זײַן אייגענע קינדהײַט איז פאַרבליבן צו ווײַט הינטער אים. ער איז ענלעך געווען צו א צערייצטן אַלטן מאַן, וואָס ס'האָט אים שרעקלעך דערעסן די פלוידערן פון דעם יונגוואַרג. ער האָט שווײַגנדיק געקוקט אַף זיי און זיך גע־טרייסט מיטן געדאַנק, אז אינגיכן וועלן זיי שוין אויך מוזן גיין אַרבעטן. דאָס וועט בא זיי אָפּנעמען די לעבע־דיקײַט, און זיי וועלן ווערן פונקט אַזוינע געזעצטע און אָנשטענדיקע, ווי ער. ווי אַלע מענטשן, האָט זיך דזשאָני געהאַלטן פאַר דעם מעסטער, מיט וועלכן מע מעסט די גאַנצע וועלט.

ביים נאכטמעסנ האָט די מאַמע דערקלערט אפ אַלערליי אופאַנימ אונ אָנ א שיר מאָל איבערגעכאַזערט איינ אונ דאָס זעלבע, אַז זי מוז אַלץ, וואָס זי קענ נאָר; דושאָני האָט קיינ איינ וואָרט ניט געזאָגט, נאָר אפ זייִנ פּאָ-נעמ איז געווענ צו זענ, מיט וואָס פאַר א פאַרגעניגנ ער האָט געשמיקט עסנ, אָפּגערוקט דעמ שטול אונ אופגעשטאַ-נענ פונ טיש. א ווײַלע האָט ער נאָכ געקלערט, וווהינ ער זאָל זיכ ווענדנ: צומ בעט אָדער צו דער אַרויסגאַנג-טיר. אינ ענדלעכ האָט ער זיכ געלאָזט צומ אַרויסגאַנג. ווײַט איז ער ניט אַוועק. ער האָט זיכ געזעצט אפנ אונ-טערשטנ שטאַפּל פונ בריקל, די קני אַרויסגעשטעלט, די שמאָלע אַקסלענ אײַנגעצויגנ, די עלנבויגנס אפ די קני אַוועקגעשטעלט אונ דעמ קינ אפ די הענט אָנגע-שפּאַרט.

זיצנדיק אַזוי, האָט ער ווענג קיינ זאַכ ניט געקלערט. ער האָט פאָיִעט געדוט. וואָס איז שייִעכ זייִנ פאַרשטאַנד, איז ער געשלאָפנ. זייִנע שוועסטער אונ ברידער זיינענ געבליבנ נאָכ אימ אויכ אַרויס אונ האָבנ זיכ צוזאַמענ מיט אַנדערע קינדער הויִשיק געשפּילט ווײַט פונ אימ. דער עלטער-שטער לאַמטערנ אפנ דאַכ האָט באַלייכטנ זייערע לעבעדיקע געזיכטער. זיי האָבנ געוווּסט, אַז ער איז אַנ אומעטיקער אינ א קעגנ, אָבער דער ווילנ—זיכ צו רייצנ מיט אימ האָט זיי געצויגנ צו אימ. זיי האָבנ זיכ פאַר די הענט אָנ-געכאַפּט, צוגעלאָפנ צו אימ אונ שפּאָטיש געזונגענ פאַרשיי-

דענע לידלעכ. צוערשט האָט ער זיי געשיקט קאָלעם — וואָס ער האָט זיכ אויסגעלערנט בא פארשיידענע [illegible]ער, דערנאָכ אָבער האָט ער באשלאָסנ, אז עס לוינט ניט אפּ זיי קיינ אכט צו לייגנ אונ אז דערמיט דערנידעריקט ער זײַנ ווערדע; ער האָט זיכ פארטיפט אינ א פינצטער שווײַגנ.

זײַנ ברודער ווילי, דער צווייטער נאָכ אים, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג געפײַערט זײַנ צענײאָריקנ געבוירנטאָג, איז געשטאַנענ אינ דער שפּיץ פונ אלעמענ. הוישאַני האָט ניט געפילט צו אים קיינ באזונדערס צארטע געפילנ. פונ זײַנ פריסטנ עלטער אָנ איז זײַנ לעבנ שטענדיק פארפינצ־טערט געוואָרנ דורכ נאָכגעבנגייענ פונ ווילים טריווע וועגנ. אינ אים האָט געלעבט א פעסטער באוווסטזײַנ, אז ווילי איז אים זייער פיל שולדיק אונ ווײַזט אים דערפאר קיינ דאנקבארקייט ניט ארויס. אינ יענע יאָרנ, די דאָזיקע יאָרנ ווײַנענ שוינ לאַנג הינטער אים, אינ נעפּל פונ דער פאר־גאנגענהייט, ווענ זיי האָבנ געשפּילט קינדער־שפּילנ, האָט ער דעמ גרעסטנ טייל פונ זײַנ פרײַער צײַט געמוזט אָפּ־געבנ ווילין. ווילי איז דאַנ געווענ א קליינינקער, אונ זייער מאמע האָט אויכ דאַנ, פונקט ווי איצט, געארבעט אינ פאבריק אינ א גאַנצנ טאָג אונ דער היימ ניט געווענ. אונ הוישאַני האָט גלײַכצײַטיק געמוזט פארטרעטנ אי דעמ טאַטנ אי די מאמע.

—

דעמ ברודערס מי איז ווילינ, קענטיק, צומ [illegible] גע־

ווען. ער איז געווען שוין געבויט, שטאַרק, פֿון זעלבן וווקס, ווי זײַן עלטערער ברודער, און אַפֿילו דיקער פֿאַר אים. עס האָט אויסגעזען, ווי די לעבנס־זאַפֿטן פֿון די אָדערן פֿון איין ברודער וואָלטן אַריבער אין די אָדערן פֿון אַנדערן. דאָס זעלבע איז אויך געווען בנוגע צו זייערע כאַראַקטערן. דזשאָני האָט אויסגעזען דערשלאָגן, געדריקט, אַפּאַטיש, בײַם פֿינעם יינגערן ברודער האָט מאַמעש אַרויסגעקוואָלן אַן איבערפֿלוס פֿון ענערגיע, און איבערפֿלוס פֿון לעבנס־קרעפֿטן.

די יינגלעך האָבן ווײַטער גערייצט דזשאָניען און אַלץ העכער און העכער געזונגען. ווילי האָט טאַנצנדיק זיך צוגעזעצט און אַרויסגעשטעקט די צונג. דזשאָניס לינקע האַנט האָט זיך איבערגעשטעלט און אים פֿאַרן האַלדז אָנגעכאַפּט. גלײַכצײַטיק האָט ער זײַן ביינערדיקע פֿויסט צוגעטראָגן צום ברודערס נאָז. דזשאָניס ביינערדיקע פֿויסט האָט מיט זיך ניט פֿאָרגעשטעלט קיין באַזונדערס שרעקלעכע זאַך, אָבער אָנשטויסן זיך אָן איר האָט, ווײַזט אויס, ווי געטאָן, און דאָס האָט באַוויזן דער קוויטש, וואָס האָט זיך אין דער מינוט דערהערט. אַלע קינדער האָבן דערשראָקן אַ געשריי געטאָן, און דזשאָניס שוועסטער, דזשעני, איז אַרײַנגעלאָפֿן אין שטוב.

דזשאָני האָט ווילין שטאַרק אַ שטויס געטאָן, אים אומגעוואָרפֿן אין דאַן אים אַ נעם געטאָן און אַ זעץ געטאָן מיטן פּאָנעם אין בלאָטע אַרײַן. עס איז געקומען די

מוטער מיט א געזיכט, בלאס פונ אויפרעגונג אונ מוטער-לעבנ צארנ.

— וואס טשעפעט ער זיכ צו מיר?—האט דזשאָני אפ אירע אויסריידנ געענטפערט.—ער זעט דענ ניט, אז איכ בינ מיד?

— איכ בינ איכ אזוי גרויס, ווי דו, -- האט זיכ ביינ אָפּגערופנ ווילי, וואס זיינ פארוויינט פּאָנעם איז געווענ איינגעשמירט מיט בלוט אונ שמוץ.— איכ בינ שוינ איצט אזוי, ווי דו, אונ וועל נאָכ גרעסער זיינ, דאנ וועל איכ דיכ שלאָגנ... ווערסט שוינ זענ, איכ וועל דיכ אומבאדינגט אָפּ-שלאָגנ.

— אויב דו ביסט א גרויסע, דארפסטו גיינ ארבעטנ,— האט דזשאָני א מורמל געטאָנ. דאָס וועט זיינ ריכטיק. דו מוזט ארבעטנ. אונ דיינ מאמע מוז דיכ אוועקגעבנ ארבעטנ.

— אָבער ער איז דאָכ נאָכ צו יונג,—האט די מאמע געענטפערט.—ער איז נאָכ גאָר א קליינ יינגל.

— איכ בינ יינגער געווענ, האָב איכ שוינ געארבעט.

דזשאָני האָט באדייע געהאט צו זאָגנ נאָכ עטלעכע ווערטער וועגנ דער אומגערעכטער באציִונג צו אים, נאָר ער האָט באראטנ געראט, זיכ ביינ אומגעדרייט אונ אוועק אינ שטיב שלאָפנ. די טיר אינ צימער אריינ איז געבליבנ אָפנ, קעדיי עס זאָל אריינגיינ די ווארעמקייט פונ קיכ. ווענ ער האָט זיכ אויסגעטאָנ אינ האלב פינצטערניש, האָט ער

געהערט, ווי די מאמע האָט געשמועסט מיט דער שכײנע, וואָס איז צו איר ארײנגעקומענ. די מאמע האָט געווײנט, אונ אירע רייד האָבנ זיכ איבערגעריסנ פונ כליפּענ.

— איכ פארשטיי ניט, וואָס מיט דזשאַני איז געוואָרנ,—זײַנענ אירע רייד פונ קיכ צו אימ דערגאַנגענ,— ער איז פריִער קיינמאָל אזוי ניט געווענ. ער איז געווענ געדולדיק, ווי א מאלעכ.

— ער איז אָבער פאָרט א וויל יונגל, — האָט זי געצײלט צוצוגעבנ, ווי צו פארענטפערנ זיכ.—ער ארבעט געווייסנ-האפט אונ דערצו האָט ער צו פרי אָנגעהויבנ ארבעטנ. נאָר איכ בינ הערינג ניט שולדיק. איכ טו אלצ, וואָס איכ קאָנ נאָר.

פונ קיכ אהיימ האָט זיכ דערהערט א כליפּערײַ, אונ צוהערנדיק זיכ צו דער האָזיקער כליפּערײַ, האָט דזשאַני מיט שוינ פארמאכטע אויגנ א מורמל געטאָנ פאר זיכ: „יאָ, איכ האָב מײַנ גאנצ לעבנ געווייסנהאפט געארבעט".

צומאָרגנס פרי האָט ער ווידער מילכאָמע געהאלטנ מיט דער מאמענ, ביז זי האָט אימ אויפגעוועקט. האנ דער נישטיקער פרישטיק, האָט גיינ אינ דער פינצטער אונ דער בלאָסער זונענשטראל פונ הינטער די דעכער פונ די הײַזער, ווענ ער האָט זיכ צו זיי אומגעדרייט מיטנ רוקנ אונ איז דורכ דורכ די קאָנטראָל-טירנ אינ פאבריק ארײַנ. אזוי איז אוועק א טאָג נאָכ א טאָג, אונ אלע זײַנענ זיי געווענ גלײַכ.

דאָכ אָבער פלעגנ אויכ אינ זיינ לעבנ פאָרקומענ נײַס.

איינמאָל איז עס געווענ, ווענ ער האָט געביטנ די ארבעט, דאָס צווייטע מאָל, ווענ ער איז קראַנק געווענ. ווענ ער איז אלט געווענ זעקס יאָר, האָט ער פאַרטראָגנ דעמ טאַטנ פאַר ווי־לינ אונ פאַר די איבעריקע, נאָכ קלענערע קינדער. צו זיבנ יאָר האָט ער אָנגעהויבנ גיינ אינ פאַבריק — ווייקלענ שפּול־קעס: ווענ ער איז אלט געווענ אכט יאָר, איז ער אריבער ארבעטנ אינ א נייער פאַבריק. זיינ נייע ארבעט איז געווענ ווונדערבאַר לייכט. דאָס איינציקע, וואָס מע האָט פאַר־לאַנגט פונ אימ, איז געווענ ער זאָל זיצנ מיט א קליינ שטעקעלע אינ האַנט אונ אכטונג געבנ אַפנ לייוונט, וואָס איז פאַר אימ געלאָפנ. די דאָזיקע לייוונט פלעגט אַרויס־גיינ פונ א מאַשינ, דורכגיינ דורכ א הייסנ וואַלצ אונ זיכ ווייטער גיינ איר וועג אינ אנ אנדער אָרט. בלויז דאָס יינגל איז געזעסנ שטענדיק אַפ איינ אָרט אינ אנ אָפּטיילונג, וווּ קיינ איינציקער זונענשטראַל האָט ניט אַריינגעדרונגענ, שטענדיק געאַרבעט באַמ גאַז — ער איז געווענ ווי א טייל פונ מעכאַניזמ.

ניט געקוקט אַפ דער פייכטער וואַרעמקייט, האָט ער זיכ האָ געפילט זייער גליקלעכ, ווייל ער איז נאָכ געווענ יונג אונ האָט געשוועבט אינ קיניגרייכ פונ באַלוימעס אונ פאַנטאַזיעס. אונ ביימ ער האָט אכטונג געגעבנ אַפ דעמ אומענדלעכנ פאַס לייוונט, וואָס האָט זיכ פאַר אימ גע־צויגנ, האָבנ זיכ אימ פאַרגעשטעלט מערקווירדיקע זאַכנ, אָבער בא דער דאָזיקער ארבעט איז אימ קלאָר ניט

אויסגעקומען צו מוטשען זיך ניט פיזיש, ניט גײַסטיק און
ער האָט אַלץ ווייניקער געטרוימט, ביז זײַן גײַסט האָט
אינגאַנצן אויפגעהערט צו אַרבעטן און איז אײַנגעשלאָפן.
ביז דעם האָט ער פאַרדינט צו צוויי דאָלאַר אַ וואָך, און
צוויי דאָלאַר איז פּונקט גענוג אַז ניט צו שטאַרבן פון
הונגער און ניט איבערצועסן זיך.
אָבער ווען ער איז געוואָרן אַלט נײַן יאָר, האָט ער
פאַרלוירן די אַרבעט. די סיבה איז געווען מאָזלען. אַז ער
איז געזונט געוואָרן, האָט ער באַקומען אַרבעט אין אַ גלאָז-
וואַרג-פאַבריק. דער לוין איז געווען גרעסער, און בײַ דער
אַרבעט איז נייטיק געווען געשיקטקייט. דאָס איז געווען
שטיק-אַרבעט, און וואָס פלינקער ער האָט געאַרבעט,
אַלץ מער האָט ער פאַרדינט. דאָס איז געווען אַן אויפרעגנ-
דיקער מלאָכה, און אַ דאַנק דעם דאָזיקן אויפרעגנדיקן
פאַקטאָר איז ער געוואָרן אַן אויסגעצייכנטער אַרבעטער.
די אַרבעט איז געווען זייער אײַנפאַך: מע האָט גע-
דאַרפט צוביגן גלעזערנע פּראָפּנס צו גלעזערנע פלאַקאָ-
נעס. בײַם גאַרטל האָט ער געהאַט אַ פּאַק בענדלעך. די
פלאַקאָנעס האָט ער געלייגט אויף דער ערד לעבן די פיס
אַזוי, אַז ער זאָל קאָנען אַרבעטן מיט ביידע הענט. ער
איז געזעסן אײַנגעדרייט איבער די פלאַקאָנעס, איבערגע-
בויגן איבער די קני אַזוי, אַז זײַן שמאָלע פּלייצע האָט זיך
אײַנגעהויקערט, און אַזוי האָט ער יעדן יאָר און טאָג גע-
אַרבעט, ניט אויסגלײַכנדיק דעם רוקן. דאָס איז געווען שעד-

לעבנ פאר די לונגענ, אָבער דערפאר פלעגט ער באוויזנ
פארטיק צו מאכנ האלבע הונדערט מיט פלאקאָנעס א טאָג.

דער פארוואלטער האָט שטאָלצירט מיט אימ און פלעגט
אריינפירנ זיינע באזוכער א קוק צו טאָנ אפ אימ. אינ
פארלויפ פונ צענ שעָ זיינענ זיינע הענט דורכ דריי
הונדערט מיט פלאקאָנעס. ער האָט געארבעט פינקט מיט
אזא שנעלקייט און פינקטלעכקייט, ווי א מאשינ. אלע בא־
וועגונגענ זיינענ אויסגערעכנט. יעדע באוועגונג פונ זיינע
הענט, יעדע באוועגונג פונ די מוסקולנ פונ זיינע דינע
פינגער איז געווענ שנעל און פינקטלעכ. ער האָט געארבעט
מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג און [illegible] איז
ער געוואָרנ זייער נערוועז. אפילו בײַנאכט אינ שלאָפ
פלעגט ער זיכ ווייטער שאָקלענ און באוועגנ די פינגער.
אויכ בײַנאכט האָט ער קיינ איינ מינוט רו ניט געהאט.
ער איז געבליבנ אנ אויסגעצויגענער, און זיינע מוסקולנ
האָבנ זיכ געדרייט ווייטער. ער איז געוואָרנ בלאס, און דער
הוסט איז געוואָרנ שטארקער. דערנאָכ האָט ער באקומענ
א לונגענ־אָנצינדונג און האָט פארלוירנ די ארבעט אינ
דער גלאָזווארג־פאבריק.

ווענ ער איז געזונט געוואָרנ, האָט ער זיכ אומגעקערט
אינ דער הזיטוט־פאבריק, וווּ ער האָט אמאָל געוויקלט
שפולקעס. איצט אָבער האָט ער באקומענ א העכערע שטע־
לע. ער איז געווענ א גוטער ארבעטער. צוערשט האָט מענ
אימ אָפגעגעבנ אינ דער קראָכמאל־אָפּטיילונג, שפעטער —

אונ דער וועבערײַ. פונ דעמלט אָנ האָט זיכ שוינ מער גאָרניט געענדערט, אונ יעדנ טאָג האָט זיכ איבערגעכאַזערט ווידעראַמאָל דאָס זעלבע, וואָס נעכטנ.

די מאַשינעס האָבנ זיכ באַוועגט שנעלער, ווי בעשאַס ער איז צום ערשטנ מאָל אָנגעקומענ אויפ דער אַרבעט, אונ זײַנ סײַבל האָט אַרבעטנ אָנגעהויבנ פּאַמעלעכער. ער האָט שוינ מער ניט געטרוימט, כאָטש זײַנע ערשטע יאָרנ זײַנענ פיל געווענ מיט טרוימענ. אײַנמאָל איז ער אַפילע געווענ פאַרליבט. דאָס איז געווענ האַנ, ווענ ער האָט נאָר וואָס אָנגעהויבנ אַרבעטנ באַמ האַמב-וואַלצ, אונ די געליבטע איז געווענ דעמ פאַרוואַלטערס טאָכטער. זי איז געווענ פיל עלטער פאַר אים, שוינ א דערוואַקסנ יונג מיידל, אונ געזעהנ האָט ער זי בלויז פונדערווײַטנ, סאַבאַקל א מאָל זעקס. נאָר דאָס האָט גאָרניט אויסגעמאַכט. אויפ דער איבערפלאַכ פונ דעמ פּאַס לײַוונט, וואָס האָט זיכ געצויגנ פאַר אים, האָט ער געשפּינט בילדער פונ א ליכטיקער צוקונפט, פאַבריצירט ווונדערבאַרע לײַוונט, מערקווירדיקע מאַשינעס, דערפינדונגענ, געוואָרנ אַלײנ א פאַבריק-אײגנטימער אונ עדלער אײַנגעשלאָס: דאָס מיידל אינ זײַנע אָרעמס אונ זי מיט ריינער ליבע געקושט אינ שטערנ.

אָבער דאָס איז געווענ אַמאָל, אײדער ער איז געוואָרנ אַלט אונ האָט אויפגעהערט ליבנ. זי האָט כאַסענע געהאַט אונ איז אַוועקגעפאָרנ, אונ זינ דענסט איז אונ=

געשלאָפֿן. נישט געקוקט דערויף, האָט ער דאָך נאָך באַוויזן אַ סך דורכצולעבן און ער האָט זיך אָפֿט אומגעקוקט צוריק אויף זײַן פֿאַראַנגענהײט, ווי אַלטע לײַט קוקן זיך אום אויף יענער צײַט, ווען זיי האָבן נאָך געגלייבט אין צויבערנס. ער האָט נישט געגלייבט נישט אין צויבערנס נישט אין הייליקע קלאָגן; ער האָט בלויז געגלייבט אין אַ ליכטיקער צוקונפֿט, און זײַן פֿאַנטאַזיע האָט פֿאַר אים געשילדערט בילדער אין די האַמפּ־וואָלקנס, וואָס האָבן זיך געהויבן פֿון פֿאַרבלײַבנדיקן פֿאַס.

ער איז זייער פֿרי געוואָרן אַ דערוואַקסענער מענטש. צו זיבן יאָר, ווען ער האָט באַקומען זײַן ערשטן פֿאַרדינסט, האָט זיך שוין אָנגעהויבן זײַן באַבערצעט. עס האָט זיך דערוועקט אין אים אַ געפֿיל פֿון געוויסער זעלבשטענדיקייט, און די באַציִונגען צווישן אים און זײַן מוטער זײַנען געוואָרן אַנדערע. אַלס אַרבעטער און שפּעטער פֿון דער מישפּחה, וואָס ברענגט דער געזעלשאַפֿט געוויסע נוצן, האָט ער זיך געהאַלטן בענעייע צו איר גיבער ווי אַ גלײַכער מיט גלײַכע. די מעגלעכקייט, די פֿילשטענדיקע מעגלעכקייט איז פֿאַר אים אָנגעקומען, ווען ער איז צו עלף יאָר אויף זעקס מאָנאַטן אַוועק אַרבעטן אין דער נאַכט־וואַכטע. קיין איין קינד, וואָס אַרבעט אין דער נאַכט־וואַכטע, בלײַבט שוין מער קיין קינד נישט.

דאָס זײַנען אין זײַן לעבן פֿאָרגעקומען פֿאַרשיידענע גרויסע געשעענישן. איינע פֿון זיי איז געווען דער טאָג,

ווען זיין מאמע האָט געקויפט עטלעכע קאַליפאָרנישע פּלוי-מען, צוויי אַנדערע זיינען געווען, ווען זיין מאמע האָט געמאַכט אַ מילכיקן פּינקוכן. דאָס זיינען געווען עטלעכע געשעענישן. ער פלעגט זיך דערמאָנען אָן זיי מיט פאַרגע-ניגן. און ביידע מאָל האָט איר די מאמע דערציילט וועגן איינעם, זייער אַ ווונדערבאַר געקעכטס, וואָס זי האָט גע-שטרעבט אַמאָל צו מאַכן — דעם „שווימענדיקן אינדזל". זי האָט געזאָגט, אַז עס איז „גאָר בעסער ווי אַ מילכיקער פּינקוכן". און פאַרלויף פון עטלעכע יאָר האָט ער פאַנ-טאַזירט וועגן יענעם טאָג, ווען ער וועט זיצן בײַם טיש, און פאַר אים וועט שטיין דער „שווימענדיקער אינדזל", ביז ער האָט ענדלעך דעם געדאַנק וועגן דעם אָפּגעלייגט אין געביט פון די האָפענונגען, וואָס וועלן קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט ווערן.

איינמאָל האָט ער געפונען אָפּן נאָך אַ זילבערנעם קוואָרטער. דאָס איז איבער געווען אַ גרויסע געשעעניש אין זיין לעבן און דערצו נאָך זייער אַ טראַגישע. ער האָט גע-וווּסט, וואָס ער דאַרף טאָן, בעת ער האָט דערזען אַז דער ערד די זילבערנע מאַטבייע; ער האָט עס געוויסט, נאָך איידער ער האָט זי אויפגעהויבן. אין דער היים איז, ווי געוויינלעך, געווען ווייניק צו עסן, און דערבער האָט ער באַדאַרפט קומען אַהיים און זאָגן, אַז דאָס איז דער לוין פאַרן שאַבעסדיקן אָוונט. וואָס ער האָט באַדאַרפט טאָן, דערויף האָט קיין צווייפל ניט געקאָנט זיין; נאָר ער

האָט קיינמאָל אַף זיך קיין געלט ניט אויסגעגעבן, און אים האָט זיך שרעקלעך פאַרגלוסט עפּעס אַ נאַשערײַ. ער האָט זייער ליב געהאַט זיסע נאַשערײַען, וועלכע ער פלעגט פאַר= זוכן בלויז אין די זעלטענע יאָנטויווים.

ער האָט ניט באַמיט פאַרטיידיקן זיך. ער האָט געוו= ווּסט, אַז דאָס איז אַ זינד און האָט באַוווּסטזיניק גע= זינדיקט, בעשאַס ער האָט באַשלאָסן פופצן סענט אַף דער נאַשערײַ אויסצוגעבן. צען סענט האָט ער אָפּגעלייגט אַף אַן אַנדערש מאָל, אָבער אַזוי ער איז ניט געוווינט געווען צו טראָגן בא זיך געלט, האָט ער די האָזיקע צען סענט פאַרלוירן. דאָס האָט געטראָפן פונקט דאַן, בעשאַס ער האָט געפילט געוויסנביסן, און דעריבער האָט ער עס אָנגענומען פאַר אַ שטראָף פון גאָט. אַ מערקווירדיקע פאַרשטעלונג האָט ער געהאַט וועגן דעם אַלגעזעענעם, אַל= מעכטיקן און גרויזאַמען גאָט. גאָט האָט געזען און גאָט האָט אים גלייך געשטראָפט, אַפילו ניט געגעבן אים קיין מעגלעכקייט געבן צו געניסן פון די פרוכטן פון זינד.

בעשאַס ער פלעגט זיך אומקוקן אַף זיין פאַרגאַנגע= נעם, פלעגט ער די האָזיקע געשעעניש שטענדיק געדענקען אַלס דאָס אייגנציקע ווינציקע פאַרברעכן, וואָס ער איז אין זיין לעבן באַגאַנגען, און דערביי האָבן זיך אין אים שטענ= דיק געוויסנביסן דערוועקט און אים פאַרשאַפט גנע ליידן. דאָס איז געווען דער איינציקער טונקעלער פלעק אַף זיין לעבן. ער האָט באַדויערנדיק צוריקגעקוקט אַף דער האָזיקער

געשעענישן און באַטראַכט געהאַט דערויף. ער איז געווען אומצופרידן, וואָס ער האָט דעם דאָזיקן קוואַרטער איבערגעגעבן. ער וואָלט איצט אַפּ עפּעס בעסערס געקאָנט אויסניצן, און ערלעכער, ווען ער וואָלט געקאָנט פאָרויסזען, וואָס פאַר א שטראָף אים דערוואַרט פון גאָט, וואָלט ער זי געקאָנט אויסמיידן און דעם גאַנצן קוואַרטער מיטאַמאָל איבערגעבן. אז ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין פאַרגאַנגענהייט, האָט ער טויזנט מאָל זיין קוואַרטער איבערגעגעבן און יעדעס מאָל בעסער און בעסער.

נאָך איין דערינערונג האָט ער געהאַט פון דער פאַרגאַנגענהייט. זי איז געווען נעפּלדיק און בלאַס, אָבער זי האָט זיך מיט איינגעקריצט אין זיין האַרצן צוליב זיין טאַטנס גראָבע פּנים. דאָס איז מער געווען א מין קאָשמאַר, ווי א דערינערונג וועגן א קאָנקרעטן פאַקט — מער אַן אומגעוואָרצלטע דערינערונג וועגן א מענטשן, וואָס וואַרפט אים אין שלאָף און קערט זיך צוריק אים צו זיינע עלטערן־יידעס.

די דאָזיקע דערינערונג איז בייטאָג קיינמאָל ניט געקומען אַפּן זינען בא וואַכנדיקן, בעשאַס ער איז ניט געשלאָפן. זי פלעגט קומען באַנאַכט, אין בעט, אין דער מינוט, ווען זיין באַוווסטזיין איז געשלאָפן. גלייך נאָכדעם פלעגט שטענדיק אָנקומען א פּייניקנדיקע שלאָפלאָזיקייט, און אין דער ערשטער מינוט, אונטערן, אינפּלוצים פון א קרענקלעכער שרעק פלעגט זיך אים דוכטן, אז ער ליגט

קווער צופוסנס פון בעט. און לעבן זיך האָט ער געזען
די אומדערמידלעכע געשטאַלטן פון מאַמע־טאַטע. זײַן מאַמע
האָט ער ניט געדענקט, ניט געקאָנט זיך דערמאָנען ווי
ער האָט אויסגעזען. אַלע דערינערונגען וועגן זײַן מאַמען
האָבן זיך קאָנצענטרירט דערויף, וואָס ער האָט געהאַט
געוואַלדיק גרויסע, גראָבע פיס.

זײַנע נאָר פריִע דערינערונגען זײַנען צוזאַמען מיט
אים אַלײן אײַנגעדאַרט געוואָרן, און קײן שפּעטערדיקע
דערינערונגען האָט ער ניט געהאַט. אַלע טעג זײַנען גלײַך
געווען. פאַר אים איז אַבסאָלוט אַלצײנס געווען, צי נעכ־
טיקער טאָג, צי פאַראַיאָרן, צי פאַר טויזנט יאָר, צי אײן
מינוט, קײן זאַך האָט זיך ניט געענדערט. ניט געווען קײן
געשעענישן, וואָס זאָלן דעם גאַנג פון דער צײַט באַצײכע־
נען. די צײַט איז ניט געגאַנגען. זי איז ווי אַפּ אײן אָרט
געשטאַנען. עס זײַנען נאָר געווען מאָמענטן, וואָס האָבן
זיך געדרייט, נאָר זיך פון אָרט ניט גערירט, באַמיש ווי
האָבן זיך אַלץ שנעלער און שנעלער באַוועגט.

אַז ער איז געוואָרן אַלט פערצן יאָר, איז ער אריבער
אַרבעטן אין דער קראַנקמאַל־אַפּטייק. דאָס איז געווען אַ
קאָלאָסאַלע געשעעניש. ענדלעך איז געשען עפּעס אַזוינס,
וואָס מע קאָן זיך דערמאָנען, איבער דעם שלאָף באַנאַכט
און דאָס באַקומען דעם וואָכנ־לוין. דאָס האָט באַצײכנט
אַ גאַנצע עפּאָכע. דאָס איז געווען אַן אָלימפּיאַדע, וואָס
לויט איר קאָן מען באַרעכענען די צײַט. „ווען איך האָב

8)—3

ניש, וואָס האָט אים אינ דאָס גאַנצע קליינע וועלטעלע
אַרומ אים איבעראַשט.

דאָס איז געשענ שפּעט אינ פרילינג, ווענ ער האָט זיכ איינגעוואוינט אומצוקערנ אַהיימ פונ דער אַרבעט אונ געפילט אַנ אומגעוויינלעכע מידקייט. ווענ ער האָט זיכ צומ טיש געזעצט, האָט אינ דער לופט געשוועבט עפּעס אַנ אָנגעשטרענגטע דערוואַרטונג אויפ עפּעס אומגעוויינלעכס, אָבער ער האָט עס ניט באַמערקט. ער האָט געגעסנ, פאַרטיפט אינ אַנ אומעטיק שווייגנ, מעכאַניש אויפגעגעסנ, וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיכ. די קינדער האָבנ האַנאָע געהאַט אונ געשמאַקעט מיט די ליפּנ. אָבער ער האָט עס ווי ניט געזעענ.

— דו ווייסט, וואָס דו עסט? — האָט אים די מאַמע ענדלעכ געפרעגט מיט אַ צופרידענעמ טאָנ.

ער האָט אומזיניק אַ קוק געטאָנ אויפ דעמ געקעכצ, וואָס איז פאַר אימ געשטאַנענ, אונ האָט פּינקט אַזאַ אומזיניקנ בליק געוואָרפנ אויכ אויפ איר.

— דער „שווימענדיקער אינדזל“ — האָט זי פייערלעכ דערקלערט.

— אַ, — האָט ער געזאָגט.

— דער „שווימענדיקער אינדזל“ — האָבנ די קינדער אונטערגעכאַפּט אינ כאָר.

— אָ, — האָט ער געזאָגט, אונ דאַנ, ווענ ער האָט

אראָפּגעשלונגען נאָך צוויי אָדער דריי שטיקלעך, האָט ער צוגעגעבן: — עפּעס ווילט זיך מיר היינט ניט עסן.

ער האָט דעם לעפל אוועקגעלייגט, דעם שטול אָפּגערוקט און זיך שווער פון טיש אויפגעהויבן.

— מיר דוכט, אז בעסער פון אלץ וועט זיין, אויב איך וועל זיך לייגן שלאָפן.

ווען ער איז ארויס פון קיך, האָט ער געשלעפּט די פיס מער ווי געוויינלעך. דאָס אויסטאָן זיך איז אים אָנגעקומען מערן מוירעדיק שווער, אים פארשאפט גרויסע ווייטיקן, און ער האָט זיך אפילו צעוויינט, ווען ער איז אויפן בעט געפאלן אין איין שוך האלב ניט אויסגעטאָן. ער האָט געפילט, ווי אין זיין קאָפּ האָט זיך אויפגעהויבן און זיך אָנגעבלאָזן עפּעס אזוינס, וואָס האָט זיין מוח פארצויגן מיט נעפּל. זיינע דינע פינגער האָבן געפילט אזא שווערקייט, ווי די גאנצע האנט, און אין די שפּיצן פינגער האָט ער געהאט עפּעס אזא אומקלאָרן און אומבאשטימטן געפיל, ווי אין קאָפּ. דער רוקן האָט שרעקלעך ווי געטאָן. אלע ביינער האָבן ווי געטאָן. אלץ האָט אין אים ווי געטאָן, און אין זיין קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן א טומל, א האקעריי, א קלאפּעריי, א רויש פון א מיליאָן וועבשטולן. די גאנצע ליפט איז אָנגעפילט געוואָרן מיט פליענדיקע וועבשיפלעך. זיי האָבן דאָ און דאָרטן געשימערט צווישן די שטערן. ער האָט אליין געארבעט בא טויזנט שטולן. און זיי האָבן אלץ שנעלער און שנעלער געארבעט, און

זײַנ מוטער האָט זיכ אַלצ שטאַרקער אונ שטאַרקער פֿאַר־פּלאָנטערט, אונ ס'איז אַרויסגעקומענ אַ פֿאָדעמ, וואָס האָט געצויגנ צו פֿליענ טויזנט וועבשפּינדלענ.

צומאָרגנס איז ער צו דער אַרבעט ניט געגאַנגענ. ער איז צופֿיל באַשעפֿטיקט געווענ בײַ די טויזנט שפּולנ, וואָס זײַנענ אינ זײַנ קאָפּ אַרומגעפֿלויגנ. זײַנ מאַמע איז יאָ געגאַנגענ צו דער אַרבעט, נאָר פֿריער האָט זי געשיקט נאָכנ דאָקטער. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז דזשאָני האָט זייער אַ שטאַרקנ גריפּ־אָנפֿאַל. דזשאָני איז געבליבנ אָנ וועמענ, אימ אַלצ צו באַזאָרגנ.

די קראַנקהייט איז געווענ זייער אינ אַ שווערער פֿאָרמ, אונ דזשאָני האָט ערשט אינ אַ וואָכ אַרומ געקאָנט פֿונ בעט אויפֿשטיינ אונ אינ צימער אַרומקריכנ. אינ דער צווייטער וואָכ האָט דער דאָקטער געזאָגט, אַז ער קאָנ שוינ גיינ צו דער אַרבעט. דער פֿאַרוואַלטער פֿונ דער וועבערײַ האָט אימ באַזוכט שאַבעס נאָכמיטיק, דעמ ערשטנ טאָג פֿונ זײַנ געזונט ווערנ.

— ער איז דער בעסטער וועבער, — האָט דער פֿאַר־וואַלטער געזאָגט צו דזשאָניס מוטער, — זײַנ שטעלע בלײַבט פֿאַר אימ. ער קאָנ צוריקקומענ צו דער אַרבעט אי־בעראַכטאָג מאָנטיק.

— פֿאַרוואָס זשע האַנקסטו ניט, דזשאָני? — האָט אימ די מאַמע אומרויִק געפֿרעגט.

— ער איז זייער קראַנק געווענ אונ איז נאָכ אַלצ צו

זיכ ניט געקומענ, — האָט זי זיכ באַמיט אימ פאַרנ גאַסט צו אַנטשולדיקנ.

הושאַני איז געזעסנ איבערגעהויקערט אונ פאַראַקשנט געקוקט צו דער ערד. לאַנג איז ער געזעסנ אינ אַזאַ לאַגע אַפילע נאָכ דעמ, ווי דער פאַרוואַלטער איז אַוועק. אינ דרויסנ איז געווענ וואַרעמ, אונ ער איז געזעסנ אויפנ בריקל. טיילמאָל האָבנ זיכ זײַנע ליפּנ באַוועגט. עס האָט אויסגעזענ, ווי ער וואָלט געווענ פאַרטיפט אינ כעזשבוינעס.

צומאָרגנס איז ער אַרויס אויפנ בריקל, ווי נאָר די זונ האָט אַ וואַרעמ געטאָנ, אונ זיכ ווידער אויפנ טרעפּל אַוועקגעזעצט. דאָס מאָל האָט ער געהאַט פּאַפּיר אונ אַ בלײַפעדער, מיט וועלכנ ער האָט ווײַטער זײַנע כעזשבוינעס געמאַכט, אונ די האָזיקע כעזשבוינעס האָבנ אימ, קענטיק, געקאָסט מי אונ גײַסטיקע אָנשטרענגונג.

— וואָס גייט נאָכ מיליאָנענ? — האָט ער באַטאָג געפרעגט, ווענ ווילי איז פונ שול אַהיימ געקומענ. — אונ ווי מאַכט מענ דאָס?

אָוונט־צײַט האָט ער געענדיקט די אויפגאַבע, וואָס ער האָט זיכ געשטעלט. אונ דאַנ פלעגט ער יעדנ טאָג, אָבער שוינ אָנ פּאַפּיר אונ בלײַפעדער אַרויסגיינ אונ זיכ זעצנ אויפנ בריקל. זײַנ גאַנצע אויפמערקזאַמקײַט האָט איצט צוגעצויגנ דער בוימ, וואָס איז געוואַקסנ אויפ יענער זײַט גאַס. ער האָט שטונדנלאַנג געקוקט אויפ אימ אונ באַוווּנדערט אויפמערקזאַמ באַטראַכט, ווי דער ווינט האָט זײַנע צווײַגנ גע-

בוינג יאנ אינ די בלעטער גערוישט. אינ א וואָלב ארומ האָט ער שוינ געהויבנ, פארוואָס דער בוימ האָט אימ אזוי פארינטערעסירט. ער האָט אינ אימ געפונענ אנ ענלעכקייט צו זיכ. זינטיק, ווענ ער איז אפנ בריקל געזעסנ, האָט ער זיכ עטלעכע מאָל צעלאכט, פונ וואָס זײַנ מאמע איז זייער אומרויק געוואָרנ, ווײַל שוינ עטלעכע יאָר האָט זי ניט געהערט, ווי ער לאכט.

צומאָרגנס איז זי נאָכ פארטאָג צוגעגאנגענ צו זײַנ בעט אימ אויפצוועקנ. ער איז א גאנצע וואָכ געשלאָפנ, וויפל ער האָט געוואָלט. אינ דעריבער האָט ער זיכ איצט לעבעמ אויפגעכאפט. ער האָט זיכ קלאָר ניט קעגנגעשטעלט אינ אפילע ניט געפרואווט אײַנהאלטנ די קאָלדרע, בעשאס זי האָט זי גענומענ אראָפשלעפנ פונ אימ. ער איז רויק אפנ בעט געלעגנ אינ פונקט אזוי רויק געזאָגט:

— אומזיסטע מירכע, מאמע.

— וועסט פארשפעטיקנ, — האָט זי געזאָגט, ווײַל זי האָט געמיינט, אז דאָס רעדט ער פונ שלאָפ.

— איכ בינ שוינ וואכ, מאמע, אינ איכ זאָג נאָכאמאָל, ניכט זיכ אומזיסט מאטערנ. די קאָנסט מיכ צורו לאָזנ. איכ וויל ניט אויפשטיינ.

— וועסט דאָכ די ארבעט פארלירנ! — האָט זי אויסגעשריענ.

— איכ וויל ניט אויפשטיינ, — האָט ער איבערגעכאזערט מיט א מאָדנער גלײַכגילטיקער שטימ.

יענעם טאָג איז זי שוין אַליין אויך צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. דאָס איז געווען אַ קרענק, וואָס האָט איבער־געשטיגן אַלע קרענק, וואָס זי האָט געוווּסט. פיבער און הוסט האָט זי געקאָנט פאַרשטיין; אָבער דאָס איז געווען משוגעס. זי האָט אים מיט דער קאָלדרע צוגעדעקט און דזשעניג געשיקט נאָכן דאָקטער.

ווען דער דאָקטער איז געקומען, איז דזשאָני רויק געשלאָפן, אָבער ער האָט זיך גלייך אויפגעכאַפּט און אָן שום מיינעס זיך געלאָזט דעם פולס טאַפּן.

— גאָרניט, — האָט דער דאָקטער דערקלערט — אַ גרויסע שוואַכקייט, ווייטער גאָרניט. אַז די ביינער איז גאָר היינט פּלירש ניטאָ.

— ער איז שטענדיק געווען אַזאַ, — האָט די מאַמע געזאָגט.

— איצט גיי, מאַמע, און לאָז מיך זיך אויסשלאָפן.

דזשאָני האָט געהערט ניט אויפגערעגט, רויק, און איך פונקט אַזוי רויק זיך אָפּ אַ ווייל אָפּגעאָטעמט און איז איינ־געשלאָפן.

אַרום צען האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, זיך אָנגעטאָן און איז אַרויס אין קיך, וווּ ער האָט געטראָפן זיין מאַמען מיט אַן אויסדריי פון שרעק אויפן פּנים.

— איך גיי אַוועק, מאַמע, און איך וויל זיך מיט דיר געזעגענען.

זי האָט דעם פאַרטעך פאַרוואָרפן אויפן קאָפּ, זיך אַוועק־

געזעצט אויף זיך פֿליצלינג צעוויינט. ער האָט געדולדיק געוואַרט.

— איך האָב עס באַלד געוווּסט, — האָט זי געזאָגט שלוכצנדיק. — ווהין, ווהין? — האָט זי ענדלעך געפֿרעגט, אַראָפּגעוואָרפֿן דעם פּאַרטפֿעל פֿון קאָפּ און געקוקט אויף אים מיט אַן אויסדרוק פֿון דערשטוינונג און גלײַכצײַטיק נײַגעריקײַט אַפֿן פּאָנעם.

— איך ווייס ניט... וווּ די פֿיס וועלן מיך טראָגן.

ווי נאָר האָט ער עס געזאָגט, איז דער בוים אַף יענער זײַט גאַס דערשינען פֿאַר זײַן נײַטשיקן בליק אין א בלענדנדיקער שײַן. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער איז באַהאַלטן בא אים אונטער די ווײַעס, און ווען ער וויל, קאָן ער אים זען.

— און די אַרבעט? — האָט זי מיט א ציטערנדיקער שטים געפֿרעגט.

— איך וועל מער ניט גיין צו דער אַרבעט.

— גאָט מײַנער, הושאַני! — האָט זי א קרעכץ געטאָן. — רייד ניט אַזוי!

דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, איז אין אירע אויגן געווען א לעסטערונג.

— פֿאַרוואָס האָסט זיך דאָס גענומען צו האַרץ? — האָט זי געפֿרעגט און געמאַכט א שמייכל פּרוּוון צודעקן דער שטים א שפּרונג טאָן.

— באַלדיקעס, — האָט ער געענטפֿערט. — אַלץ באַלדי

מעס. איכ האָב די וואָכ געזאָט זייער פיל באַלוימעס, די
סאַמע וווּנדערבאַרסטע.

— וואָס זשע וועט איצט זײַנ? — האָט זי אָנגעהויבנ
כליפּענ.

הײַשאַני האָט געמוטיק א שמייכל געטאָנ, און זײַנ
מאַמע האָט דערזענ, וואָס פאַר אַנ איבערקערעניש איז
אימ אינ פאַרגעקומענ: זײַנ אומעטיקײַט און צערייצטקײַט
זײַנענ פאַרשוווּנדנ.

— איכ וועל דיר דערקלערנ, — האָט ער געזאָגט. —
איכ בינ שרעקלעכ מיד געווענ. וואָס זשע האָט מיכ אַזוי
אײַנגעטאַמבערט? די באַוועגונג. איכ געפינ זיכ אינ שטענ־
דיקער באַוועגונג, פונ זינט איכ בינ אויף דער וועלט געבוירנ.
איכ בינ מיד געוואָרנ צו באַוועגנ זיכ און וויל זיכ מער
ניט באַוועגנ. דערמאָנ זיכ, ווי איכ האָב אויף דער גלאָז־
וואַרג־פאַבריק געאַרבעט. איכ האָב געווײַנלעכ צוגעבונדנ
דרײַ הונדערט מיט פופצנ א טאָג. איצט האָב איכ אויס־
גערעכנט, אז בײַ יעדנ פלאַקאָנ האָב איכ צענ פאַרשיידענע
באַוועגונגענ געמאַכט. דאָס מאַכט אויס זעקס און דרײַסיק
טויזנט באַוועגונגענ א טאָג. און צענ טעג — דרײַ הונדערט
זעכציק טויזנט באַוועגונגענ. און א מאָנאַט אײַנ מיליאָנ
אַכציק טויזנט. וואָרפ אַראָפּ די אַכציק טויזנט, — האָט
ער געזאָגט מיט א גוטמוטיקער נאָכגיביקײַט פונ א פילאָנ־
טראָפּ, — וואָרפ אַראָפּ די אַכציק טויזנט, בלײַבט א מיליאָנ
אָנ באַוועגונגענ א מאָנאַט — צוועלף מיליאָנ א יאָר.

— אין דער וועבעריי האָב איך געמאַכט צוויי מאָל מער באַוועגונגען, האָט מאַכט אויס פינף און צוואַנציק מיליאָן אַ יאָר, און מיר דיכט, אַז איך באַוועג זיך שוין אַזוי קימאַט אַ מיליאָן יאָר.

— די וואָך האָב איך זיך אינגאַנצן ניט באַוועגט. שפּענ־לאַנג האָב איך קיין איין באַוועגונג ניט געמאַכט. איך פאַר־זיכער דיך, עס איז גייער אָנגענעמ געווען צו זיצן אַזוי שפּענלאַנג און גאָרניט טאָן. פריער בין איך קיינמאָל גליק־לעך ניט געווען. איך האָב קיינמאָל קיין אָפּרו ניט גע־האַט. בא אַזאַ לעבן קאָן מען ניט גליקלעך זיין. און איצט וועל איך גאָרניט ניט טאָן. איך וועל זיצן און זיצן, אָפּ־רוען און אָפּרוען און דערנאָך ווידער אָפּרוען.

— וואָס זשע וועט זיין מיט ווילין און מיט די קינ־דער? — האָט זי אין פאַרצווייפלונג געפרעגט.

— יאָ, ווילי און די קינדער, — האָט ער איבערגע־כאַזערט.

אָבער אין זיין שטים איז קיין מינדסטע באַזאָרגטקייט ניט געווען. ער האָט שוין לאַנג געקענט זיין מאַמעס ערגעציקע שפּרעכונגען וועגן דער צוקונפט פון יונגערן זון, אָבער דער געדאַנק וועגן דעם האָט אים ניט לאַנג געפּייניקט. איצט האָט שוין קיין זאַך ניט געקימערט.

— איך ווייס, מאַמע, צו וואָס די האָסט פאַר ווילין געשטרעבט; די האָבסט אים געוואָלט אין שול אויסהאַלטן און אים פאַר אַ בוכהאַלטער מאַכן. נאָר איצט איז עס ניט

װעל גאָרניט טאָנ“, האָט ער צו זיכ שטיל געזאָגט מיט אַנ
אַנטשלאָסענעמ טאָנ. ער האָט שװײַגנדיק אַפּנ הימל אַ קוק
געטאָנ, אָבער די העלע זונ האָט אים געבלענדט.

ער האָט געמאַכט אַ לאַנגנ שפּאַציר. אונ פריער האָט
ער קימאַט קיינמאָל ניט שפּאַצירט. ער איז פאַרבײַגעגאַנגענ
פאַרבײַ דער הויפּט=פאַבריק. דער פאַרשטיקטער גערויש
פונ דער װעבערײַ האָט דערגרייכט צו זײַנע אויערנ, אונ
ער האָט אַ שמייכל געטאָנ. דאָס איז געװענ אַ צאַרטער,
פרײלעכער שמייכל. אינ אים איז קיינ סינע ניט געװענ צו
קיינעמ אונ צו קיינ זאַכ, אַפילע צו די מאַשינעס. אינ אים
איז קיינ ביטערקײַט ניט געװענ, קיינ זאַכ, אויסער אומ=
דילעכער דורשט צו רויִקײַט.

הײַזער אונ פאַבריקנ איז געװאָרנ אַלץ װייניקער אונ
פרײַע ערטער אַלץ מער. ענדלעכ איז די שטאָט געבליבנ
הינטער אים אונ ער האָט זיכ געלאָזט גייג איבער אַ שאָטנ=
דיק שטעגל לעבנ דער אײַזנבאַנ=ליניע. ער איז געגאַנגענ ניט
װי אַ מענטש. ער איז ניט ענלעכ געװענ צו אַ מענטש.
דאָס איז געװענ אַ פּאַראָדיע אַפּ אַ מענטש. דאָס איז געװענ
אַ פאַרדרייטע אונ פאַרדאָרבענע, נאָמענלאָזע באַשעפעניש,
װאָס איז געגאַנגענ אונ זיכ געװאַקלט, װי אַ קראַנקע מאַל=
פּע, מיט אַראָפּהענגענדיקע הענט, מיט אַנ אײַנגעהויקער=
טער פיגור, מיט אַ שמאָלער ברוסט, לעכערלעכע אונ
שרעקלעכע.

ער איז דורכגעגאַנגענ די קלײנע באַנ=סטאַנציע אונ זיכ

אוועקגעלייגט אין גראָז אונטער א בוים. דאָרט איז ער דעם גאַנצן טאָג אָפּגעלעגן. טיילמאָל האָט ער געדרעמלט און דאַן האָבן זיך זײַנע מוסקולן אין שלאָף געטרייסלט. אז ער פֿלעגט זיך אויפֿכאַפּן, פֿלעגט ער ליגן אומבאַוועגלעך, קוקן אַף די פֿייגל, אַפֿן הימל דורך די צווײַגן פֿון בוים, וואָס זײַנען איבער אים געווען אויסגעשפּרייט. א צוויי מאָל האָט ער זיך הויך צעלאַכט, נאָר דאָס האָט קיין שייכות ניט געהאַט צו דעם, וואָס ער האָט געזען אָדער געפֿילט.

אז די אָוונט־טונקלקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און דעם אָנקום פֿון נאַכט אָנגעזאָגט, איז צו דער סטאַנציע דונער־דיק אָנגעקומען א פֿראַכט־צוג. ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט לויטן סיגנאַל די וואַגאָנען אַפֿן צווייטן וועג אַרויסגע־שלעפּט, האָט דזשאָני גענומען קריכן לענגאויס דעם צוג. ער האָט געעפֿנט די זײַטיקע טיר פֿון אײנעם א ליידיקן וואַגאָן, און קוים מיט מי אומגעשיקט אַרײַנגעקראָכן אהין. ער האָט די טיר פֿאַרשלאָסן. דער לאָקאָמאָטיוו האָט א פֿײַף געטאָן. דזשאָני איז אַף דער פּאָדלאָגע געלעגן און געשמייכלט אין דער פֿינצטערניש.

Редактор перевода Б. Котик.
Техредактор А. Фридкин.
Корректор М. Шиллер.
Сдано в набор 3/II 37 г.
Подписано к печ. 15/X—37 г.
Ф. б. 60X92 $^{1}/_{32}$ $1^{1}/_{2}$ п. л.
Уполном. Главлита РСФСР Б—24457.
Эмес № 15. Тираж 8000.

---

Тип. „Дер Эмес“, Москва, Покровка, 9.
Заказ № 89.

